

יצחק לייבוש פרץ

געבאָרן 1851 — געשטאָרבן 1915

פארלאג „די נייע יידישע פאלקסשול״

2=טע סעריע „קינדערליטעראַטור״ № 3.

# י. ל. פרץ

## זאמלבוך פאר שולן

אַרויסגעגעבן צום 5=טן
יאָרצײַט פון דעם גרויסן
ייִדישן דיכטער.

אינהאלט:





ווילנע - תר״פ
1920

# יצחק לייבוש פּרץ.

(ביאָגראַפישע שטריכן לויט זײנע „זיכרונות“ און לויט אנדערע קוועלן)

דאָס איז געווען אין דעם שטעטל זאַמאָשטש אין פוילן מיט אַ יאָר עטלאַכע און זעכציק צוריק. אין הויז ביי דעם סוחר ר׳ שלמה איז אַ גרויסע שימחה, ס׳איז שבת ביי טאָג. אין גרויסן עסצימער אַרום טיש זיצט די גאַנצע מישפּחה — ר׳שלמה אַליין, די פרוי זיינע, דער זון, צוויי טעכטער, צוויי איידימס און נאָך אַ פּאָר קרובעטעס. אַלע זיינען היינט עפּעס מאָדנע גוט אויפגעלייגט, פריילאַך; אַלע קוועלן אָן פּאַר נחת. היינט דאַרף מען דאָך צום ערשטן מאָל ר׳ שלמעס אייניקל, דעם ליבן לייבושלען, חומש פאַרהערן !...

ער, דער קליינער דריי־יאָריקער לייבושל, איז היינט דער בעל־שימחה. צוליב אים איז דאָס היינט דער גאַנצער יום־טוב, לכּבוד אים האָט מען דאָס צוגעגרייט די סעודה. דער בעל־שימחה אַליין איז אויך דאָ. ער זיצט ביים פעטער אויפן שויס און דער פעטער שפּילט זיך מיט אים.

— וועלכן חומש לערנסטו ? פרעגט אים דער פעטער.

— ו י ט ר א ! — ענטפערט לייבושל.

— ויקרא !— פאַרריכט אים דער פעטער.

— ויטרא ! — זאָגט לייבושל.

אַלע לאַכן זיך פונאַנדער.

דאָס קינד קען נאָך שאַרף ניט אַרויסברענגען קיין „ק“ און קיין „ג“ .

דריי יאָר סך־הכּל איז לייבושל אַלט. אָבער ער קען שוין לייענען און האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן חומש צו לערנען.

— גָד, גדוד, יגודֶנו ! — הייסט אים דער פעטער ווייטער זאָגן.

— דָד דדוד ידודֶנו... — זאָגט איבער לייבושל.

ס׳וועֶרט נאָך אַ גרעסערער געלעכטער.

דאָס קינד פאַרשעמט זיך און לויפט צו צו דער מאַמען באַ־האַלטן זיך.

דאַן גייט צו צו אים דער זיידע, נעמט אים אויף די הענט און זעצט אים אַרויף אויפן טיש. לייבושל געפינט דאָרט אַ שיינע וואַזע און הייבט זיך אָן צו שפּילן מיט איר, וויל זי אַרומנעמען מיט די הענט...

די באָבע נעמט צו ביי אים די וואַזע און פרעגט, צי ער וועט קענען די דרשה.

— טענען! ענטפערט לייבושל און וויל אַראָפּ פון טיש. גייט צו דער פעטער און הייבט אים אָן צו פרעגן די חומש. דאָס קינד ווערט מיטאַמאָל ווי איבערגעביטן.

ער רופט אָן אַן אות נאָך אַן אות, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. אין די שוואַרצע קלוגע אייגעלאַך צינדן זיך אָן צוויי פייערלאַך... דער דרייייאָריקער לייבושל לייענט אויסווייניק ווי פון בלאַט, אַקוראַט ווי די גאַנצע פרשה וואָלט געשוועבט פאַר זיינע אויגן...

דער מאַמען ווערן די אויגן פייכט פאַר פרייד. דעם זיידנס האַרציק־ליכטיקער בליק גלאַנצט פאַר שימחה. ער נעמט אים צו זיך אויפן שויס און גיט אים אַ קניפּ אין בעקל. דער טאַטע נעמט דעם זון צו זיך און קושט אים. אַלע זיינען אַנטציקט, פאַרוואונדערט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קינדער! איר פאַרשטייט שוין מיסתמא אַליין, אַז דער דרייייאָריקער לייבושל, וועלכער האָט אַזוי פיל פרייד און פאַרגעניגן פאַרשאַפט זיינע עלטערן און פריינד,—דאָס איז געוועזן דער קינפּטיקער גרויסער יידישער שרייבער יצחק לייבוש פּרץ.

---

יצחק לייבוש פּרץ איז געבאָרן געוואָרן אין פּוילן אין דעם אויבנאָנגערופענעם שטעטל זאַמאָשץ (לובלינער גובערניע) דעם 25־טן מאַי פון יאָר 1851 (לג בעומר תרי״א). פון קינדהייט אויף האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסצווייזן די גרויסע פייאיקייטן זיינע. דאָס

לערנען האָט זיך אים זייער לייכט געגעבן. דער קאָפּ איז געווען אַזוי שאַרף, אַז צו זעקס יאָר האָט ער שוין אָנגעהויבן צו לערנען גמרא.

די גאַנצע שטאָט האָט מיט אים געקלונגען און ער האָט גע־קראָגן אַ נאָמען פון אַן עילוי.

פּרצעס פאָטער ר׳ יהודה איז געווען ניט קיין רייכער מענטש. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער למדן און האָט געוואָלט, אַז דער זון זיינער זאָל אויך קאָנען אַ סך לערנען.

אין שטאָט איז ר׳יהודה געווען זייער אָנגענומען און באַליבט פאַר זיין אַרבעט לטובת הכלל. דער דאָזיקער אַרבעט פלעגט ער זיך איבערגעבן בלב ונפש. שטענדיק פלעגט ער טראַכטן וועגן אָרימע און הונגעריקע, שטענדיק—זאָרגן וועגן קראַנקע און אומגליקלאַכע.

די ערשטע קינדעריאָרן האָט פּרץ פאַרבראַכט ביי זיין זיידן ר׳שלמהן. דער דאָזיקער זיידע זיינער איז אַמאָל געווען אַ דאַנצי־קער סוחר און האָט געשעמט מיט זיין ערלאַכקייט. אַ אינטערעסאַנטע געשיכטע דערציילט פּרץ אַליין וועגן אים און זיינע „זיכרונות."

„געווען אַמאָל אַ דאַנציקער סוחר. פאַרציילט האָט מען, אַז איינמאָל איז ער אַרויסגעקומען, ווי מע זאָגט, מיטן בייטשל... געווען איז עס פרייטיק. שבת נאָך הבדלה — צוזאַמענגערופן אַלע בעלי־חובות זיינע און געזאָגט;

— רבותי, איך בין געקומען אָן אַ גראָשן, נעמט אַייך צו אַלץ, וואָס אין שטוב!

— „חנהלע, דערלאַנג! האָט ער זיך געווענדעט צו דער באָבע, און די באָבע חנהלע האָט אויסגעטאָן די צירונג און געלייגט אויפן טיש, געעפנט די שאַנק מיט זילבער און גאָלד, אַריינגעבראַכט די חפצים פון אַנדער שטיבל... קיינער אָבער האָט ניט גערירט...

די באָבע האָט איר קראָם געהאַט, האָט מען פון קראָם גע־לעבט און איינציקווייז די חובות באַצאָלט, מיט פּראָצענט...

---

דער קליינער פּרץ איז געווען זייער אַ לעבעדיק און רירעווו־דיק קינד. לאַנג איינזיצן אויף איין אָרט האָט ער בשום אופן ניט

געקאָנט, כסדר ער פלעגט אַרומלויפן, כסדר זיין פאַרשטיפט. ער האָט קיינמאָל ניט גערוט און פלעגט שטענדיק אָפּטאָן מעשים. כדי ער זאָל ניט קאָנען אַרומלויפן, פלעגט מען ביי אים אָפּטמאָל אויף אַ גאַנצע וואָך צונעמען די שטיוול ... דאָס פלעגט אָבער אויך ווייניק וואָס העלפן. ביי לייבושן איז רעכט געווען אַרומצולויפן אין די שטעק־שיך אויך. אָפטמאָל פלעגט זיך אים גאָר פאַרגלוסטן וואַרפן די שטעקשיך אינדערהייך און קלעטערן נאַכער אויפן דאַך פון צווייטשטאָקיקן הויז אַרויף, אַראָפּצונעמען זיי, און דערווייל שוין אויך באַקוקן פון דער הייך די גאַנצע שטאָט. דער הויף איז געווען ענג פאַר אים. ער פלעגט זיך קיין אָרט ניט געפינען. איינמאָל איז ער שיר אין אַ ברונים ניט אַריינגעפאַלן. אַ נס וואָס אַ יידינע האָט אים אָפּגע־האַלטן. אַמאָל האָט זיך אים גאָר פאַרוואָלט אָנכאַפּן אַ געלן הונט ביים עק...

פאַר דעם דאָזיקן שפּיצל האָט ער, פאַרשטייט זיך, פון דעם הונט זיך ניט געגאַרט. דער כלב האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט, איז אויף אים אַרויפגעשפרונגען מיט דער גאַנצער רציחה און געלאָזן אים אַ צייכן אויף אַ.סך יאָרן...

פאַר די אַלע שטיפערייען און שפּיצלאַך פלעגט קיינער לייבושלען אַ וואָרט ניט ריידן. אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט און מע פלעגט אים אַלץ מוחל זיין. איינמאָל נאָר האָט אים דער טאַטע אַ פאַטש געגעבן. פאַרוואָס — דערציילט אונז פרץ אַליין אין זיינע „זיכרונות."

„מאַכט זיך אַמאָל מיין יינגערן ברודערס ברית. קומען אָרימע לייט אויף לעקאַך־און־בראַנפן. פאַרזאַמלען זיי זיך אין מיטלשטוב. רעכטס — די מאַמע די קינפּעטאָרין, אין דער שטוב לינקס — די באַלעבאַטישע געסט. איז געווען ביי אונז אַ סאַרווער, האָט ער פיינט געהאַט אָרימע לייט שינאת־מָוות. טראָגט דער רשע פון דער מאַמעס שטוב אַרויס הויך איבערן קאָפּ אַ טאַץ מיט לעקאַך צו די באַלעבאַטים אַריין און איך זע ווי אַ קראַנק מיידל קוקט מיט פאַר־ברענטע אויגן צו דער טאַץ אַרויף... פלינק בין איך געווען, שפרינג

איך אונטער, כאַפּ אַ שטיקל לעקאַך און דערלאַנג דעם בלאַסן מיידל...

דער טאַטע איז געשטאַנען אין טיר אין דער מאַמעס שטוב. דעם שפּרונג אינדערהייך האָט ער געזען, וואָס איך האָב מיטן לעקאַך אינדערנידער געטאָן — ניט. גייט ער צו און דערלאַנגט מיר אין באַק.

צומאָרגנס, מיר זיצן אַלע ביים טיש, פאַרקלאָגט ער מיך פאַר דער מאַמען:

— דער קאָמעדיאַנט עסט כלומרשט נישט קיין זיסע זאַכן און כאַפּט לעקאַך פון טאַץ...

קומט אַריין די דינסט און פאַרציילט, וואָס איך האָב מיטן לעקאַך געטאָן. זי האָט געזען... די מאַמע האָט די ברעמען אַראָפּגעלאָזן איבער די אויגן. דער טאַטע איז בלאַס געוואָרן און איז אין צווייטן צימער אַריין...

---

צייט אויף צום שטיפן און אויף צו פאַרברענגען אויף דער פריי האָט דער יונגער פּרץ בכלל געהאַט זייער ווייניק, ווייל גאַנצענע טעג פלעגט ער זיין פאַרשפּאַרט אין דעם ענגן חדר.

אין יענער צייט זיינען נאָך ביי יידן קיין שולן, ווי מיר זעען דאָס היינט, ניט געווען. די עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז וואָס מער צייט דאָס קינד וועט פאַרברענגען אין חדר, אַלץ מער וועט מען אים אָנשטאָפּן מיט תורה, אַלץ מער וועט ער קענען. אַז קינדער טאָרן ניט זיצן שטענדיק איינגעבויגן איבערן בוך, אַז יונגע קינדער דאַרפן האָבן פרייע צייט צום פאַרברענגען און צו שפּאַצירן —דאָס האָבן די אַמאָליקע עלטערן ניט פאַרשטאַנען, פון דעם האָבן די אַמאָליקע עלטערן ניט געוואָלט וויסן.

דעם יונגן פּרצן האָט דער ענגער חדר זייער געשטיקט און געדריקט.

זיצנדיק איבערן תנך פלעגט זיך דער קינפטיקער פּאָעט אָפּט־מאָל פאַרטראַכטן און פאַרחלומען.

די פאַרשיידענע ביבלישע פּאָעטישע באַשרייבונגען פון דער נאַטור פלעגן אויפוועקן ביי אים אַ בענקשאַפט. אין דער פייערפילנ־

דיקער יונגער נשמה פלעגט זיך פונאַנדערפלאַקערן אַ שטאַרקער חשק אַרויסרייסן זיך פון חדר, אַנטלויפן פון מאַרק, פון דער שטאָט... אַהין, אַהין, העט ווייט, הינטער דער שטאָט, צום וואַלד, צום טייך צו דער לאָנקע!... הינטער דער שטאָט איז אָבער אַ מורא אַרויסצוגיין.

די שטאָט זאַמאָשץ איז נאָך דאַן אַ פעסטונג געווען.

זייער ווייניק האָט פרץ אין די ערשטע יאָרן פון זיין קינד־הייט די נאַטור געזען. ער איז שוין געווען אַ היפּשער בחור, האָט שוין גוט לערנען געקאָנט און נאָך אַלץ קיין וואַקסנדיקן גרעזל ניט געזען...

„איך בין געווען — דערציילט ער אונז — אַ קינד אַ יידישס אין אַ פעסטונג געבוירן, פון וואַלד און פעלד מיט מויערן און וואַלן אָפּגעגרעניצט, אויף טויערן פאַרמאַכט“...

ווי אַזוי די יידן האָבן זיך בכלל געפילט אין דער פעסטונג, מאָלט אונז פרץ אין זיין דערציילונג „משיחס צייטן“.

...„דאָס שטעטל, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, און איך האָב איבערגעלעבט מיינע קינדער־יאָרן, איז געווען אַ פעסטונג אַרומגעצוימט מיט גריבער, וואַסער, וואַלן און הויכע מויערן. אויף די מויערן זיינען געשטאַנען האַרמאַטן. און זעלנער מיט ביקסן האָבן זיי געהיט, מאַר־שירנדיק, אויף און אָפּ. ערנסט און שווייגנדיק. קוים איז נאָר צו־געפאַלן די נאַכט, האָט מען אויפגעהויבן די אייזערנע בריק איבערן וואַסער, פאַרשלאָסן אַלע טויערן און אָפּגעריסן דאָס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אינדערפרי. ביי יעדן פאַרמאַכטן טויער איז געשטאַנען אַ סאָלדאַט באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פוס. ערשט נישט לאַנג, ביי טאָג, זיינען מיר אַלע פריי געווען, מע האָט געמעגט גיין אַרויס און אַריין, נישט אָנגעפרעגט צוערשט ביים פלאַץ־מאַיאָר; מע האָט זיך אויך געמאָגט באָדן אין טייך אונטער דער שטאָט, אפילו זיך אויסציען אויף דער גרינער לאָנקע ביים טייך און קוקן אין הימל אַריין אָדער חייט ערגעץ אין דער וועלט אַריין ווי איינער האָט געוואָלט. קיינער האָט נישט פאַר דעם קיין שלעכט וואָרט גע־רעדט. נאָר ביינאַכט האָט מען געוואָלט עס זאָל זיין שטיל אין

שטעטל, מע זאָל זיך נישט אַרויס און אַריינדרייען.

אַ גליק, פלעג איך דעמאָלט קלערן ביי מיר, וואָס מע לאָזט אונז כאָטש אַריין די לבנה...

און אַזוי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פאַרגעסן דעם „בין־השמשות" דאָס צופאַלן פון דער נאַכט. צוזאַמען מיט דעם אָונטער־לאַכן שאָטן פאַרשפּרייט זיך אַ שוידער איבער דעם גאַנצן שטעטל. מענטשן און הייזער ווערן פלוצלונג ווי אַיינגעהויקערטע. מע ציט די בריק... די אַייזערנע קייטן רייבן זיך אָן די אומגעהייערע בלאָקן, דאָס אַייזערנע קראַצן, די האַרטע אָפּגעריסענע טענער פאָרן דורך די ביינער. דערנאָך פאַלט צו אַ טויער נאָך אַ טויער... יעדן אָוונט געשעט דאָס זעלבע, און דאָך ציטערן יעדעס מאָל די פיס אונטער דעם מענטש, אַ שטומפּיקע מידקייט לייגט זיך אויף אַלע פּנימער, אַלע אויגן לעשן זיך אויס ווי ביי טויטע, די ברעמען פאַלן אַראָפּ ווי בלייערנע, דאָס האַרץ בלייבט שטיל און מע אָטעמט קוים. דער־נאָך הייבט אָן דער פּאַטרול צו קורסירן אין די גאַסן. עס קלאַפּן די נאָכגעלאָזטע שווערדן אָן די גרויסע וואַסערשטיוול, די באַגנעטן בלישטשען און מע שרייט; „ווער — דאַ?" אויף דעם מוז מען ענט־פערן; „אַ היימישער, אַן אייגענער" אַז נישט, ווייס גאָט צו וואָס עס קאָן קומען. מאַנכע פלעגן זיך שוין בעסער פאַרמאַכן אונטער שלאָס און ריגל. זיי האָבן מורא זיך אַפילו אַרויסצווייזן אויף דער גאַס...

---

פרצעס פאָטער האָט, ווי געזאָגט, געוואָלט, אַז דער זון זיינער זאָל קאָנען גוט לערנען, און ער האָט טאַקע גענומען פאַר אים די בעסטע מלמדים פון שטאָט. די אַמאָליקע מלמדים האָבן אָבער אַלע געלערנט אויפן אַלטן שטייגער. אַלע זיינען זיי געווען דאָס־רוב שלעכטע לערער. זיי האָבן ניט געוואוסט ווי אַזוי מע דאַרף צוגיין צום קינד, ווי אַזוי מע דאַרף זיך מיט אים באַגיין. דער אַמאָליקער רבי האָט געהאַלטן דעם קינד אין מורא. פאַר יעדער קליייניקייט פלעגט ער אים שלאָגן, שטענדיק געשטאַנען איבערן קינד מיטן

קאַנטשיק, געוואָלט אַריינהאַקן די תּורה מיט גוואַלד. פאַר אַזאַ באַ־ציאונג האָבן די אַמאָליקע מלמדים קיין ליבע פון די קינדער, פאַר־שטייט זיך, ניט אַרויסגערופן. אין זיינע „זיכרונות״ דערמאָנט פרץ עט־לאַכע מלמדים און געפינט פאַר קיינעם קיין גוט וואָרט ניט.

זייער גוט האָט פרץ פאַרבראַכט די צייט ביי איינעם אַ מלמד ר׳ פּינחסל. דער דאָזיקער מלמד האָט געוואוינט אין דעם דאָרף שעבערשין, עטלאַכע וויאָרסט הינטער זאַמאָשץ. דאָ האָט זיך פרץ צוערשט דערפילט פריי, דאָ האָט ער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, דאָ האָט זיך דער קינפּטיקער פּאָעט באַגעגנט פּנים־אל־פּנים מיט דער נאַטור.

דער רבי פלעגט זייער אָפט אַוועקגיין פון דאָרף צוליב פאַר־שיידענע עסקים. פרץ פלעגט בלייבן אַליין און ער פלעגט שוין טאָן, וואָס זיין האַרץ פלעגט געלוסטן.

און אַז דער רבי פלעגט קומען, וואו פלעגט ער פרצן געפי־נען? — אונטער דער שטאָט, ביים וואַסער, אויף דער לאָנקע... ליגט אויסגעצויגן און קוקט אין הימל אַריין אָדער מיטן פּנים צום גראָז אָדער גאָר ביים ראַנד פון וואַסערמיל... בטבע איז פרץ געווען אַ קינד אַ לעבעדיקס, נאָר גאַנץ אָפט פלעגט ער זיך פאַרחלומען, זיך פאַרטיפן אין זיך. צום לערנען האָט דאָס אים אָבער ניט געשטערט. בשעת לערנען, פלעגט זיין געלערנט, מיט היץ, מיט אַ ברען.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט אויף פרצן די דאָזיקע ווער־טער פון זיין רבין ר׳ פּינחס׳ל:

„דער עיקר — איז דאָס לייענען, דאָס לערנען פאַר זיך, דאָס שאַרפן זיך אַליין דעם מוח. צום רבין דאַרף מען קומען מיט ספקות מיט שאלות...״

אין דעם דאָזיקן דאָרף, וואו ר׳ פּינחסל האָט געוואוינט, איז גע־ווען נאָך אַ בחורל אין פרצעס יאָרן. פרץ האָט זיך מיט אים באַ־פריינדעט און זיי פלעגן צוזאַמען לערנען.

— מיט פרייד — דערציילט פרץ — כאַפּ איך מיר אַראָפּ פיר פאַרטאָג פון געלעגער און לויף צום חבר...

אין יענער צייט האָבן די יידישע עלטערן זייערע קינדער אויסער די אַלטע הייליקע יידישע ספרים קיין אַנדערע ,וויסנשאַפטן ניט געלערנט. לערנען אַנדערע שפּראַכן אָדער אַפילו לייענען די נייע וועלטלאַכע ספרים, וואָס זיינען דעמאָלט אַרויס אין דער העברעאי־שער שפּראַך, האָט מען גערעכנט פאַר אַן עבֵירה.

דאָס, האָט מען געמיינט, וועט די קינדער אָפּרייסן פון תורה און פון יידישקייט. די יידישע קינדער האָבן דעריבער אין יענער צייט מער נישט געוואוסט ווי פון דער יידישער וועלט. די גרויסע ברייטע אַרומיקע וועלט איז זיי געבליבן אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

אַז פרץ איז אַלט געוואָרן 12—13 יאָר, האָט ער שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז די הייליקע ספרים אַליין קענען אים ניט באַפרידיקן.

די אַרומיקע וועלט הייבט אים אָן שטאַרק צו אינטערעסירן. ער זוכט אַן ענטפער אויף אַ סך פראַגן. ער האָט אָבער ניט מיט וועמען וועגן דעם צו ריידן, ביי וועמען צו קריגן די נויטיקע אָנ־ווייזונגען. ער גייט איבער פון איין כפר צום אַנדערן און געפינט אַלץ נישט קיין באַפרידיגונג. נאָר אָט מאַכט זיך אַ גליקלאַכער צופאַל. ער קריגט אַ צוטריט צו אַ רייכער פריוואַטער ביבליאָטעק און ס'עפנט זיך פאַר אים פלוצלונג גאָר אַ נייע וועלט.

ער באַקומט דעם שליסל צו די וועלטלאַכע קענטעניש.

אַ שווערן אינעווייניקסטן קאַמף האָט פרץ איבערגעלעבט, איידער ער האָט געפועלט ביי זיך אָפּצוגעבן זיך אינגאַנצן די וועלטלאַכע קענטעניש. ער האָט ניט געשלאָפן קיין נעכט, איז גאַנצענע טעג אַרומגעגאַנגען מיטן שליסל פון דער ביבליאָטעק און אַלץ ניט געקאָנט פועלן ביי זיך צו גיין אַהין.

אָט ווי אַזוי פרץ אַליין באַשרייבט דעם מאָמענט, ווען ער גייט צו דער ביבליאָטעק: „עס איז פרילינג־צייט. איך גיי איבער דער ברוקירטער גאַס צום גרינעם שלאָס און בלייב שטיין ביים קווער־געסל פאַרן שלאָס אין ווינקל, וואו דאָס הויז שטייט, דאָס הויז מיט דער פאַרמאַכטער ביבליאָטעק אויפן בוידים. איך טרעט אַרי־בער די שוועל איבער געוואַלט. עטלאַכע טראָפּנס שווייס פערלען

זיך איבערן שטערן. דאָס הויז איז אַ נייעס און האָט ליכטיקע טרעפּ. איך שטייג באַהאַרצט. אַ גוטער סימן — אַ ליכטיקער וועג. און איך שטייג אין ליכט. איין שטאָק, אַ צווייטער — די פּלאַטפאָרם צום בוידים. דאָ לעשט זיך מיר דער טאָג אויס... איך ווער עטוואָס אומרואיק. די האַנט ציטערט אַביסל, דאָך דערטאַפּט זי די טיר, אין טיר — דעם שליסל־לאָך.

„פריער אַריינקוקן!“. איך נייג צו אַן אויג — אַ חושך. קעגנ־איבער — אַ פּאַרלאָדנט פענסטער פון אינעווייניק. אָבער דורכן לאָדנ־שפּאַלט רייסט זיך אַריין אַ זייל פון ציטעריקן זונענשטויב און שפּאַרט צו ביז צו אַ הויפן ביכער אויף דער פּאָדלאָגע. און איך דריי איבער דעם שליסל. אַ קריץ אין אַלטן שלאָס... דאָך — די טיר שוין אָפן. דעם לאָדן — האַסטיק אויפגעריסן. אַזוי פיל ביכער!... אַרום אויף אַלע פיר ווענט! צעוואָרפענע אונטער די פיס אויף דער פּאָדלאָגע... ראָמאַנען, וויסנשאַפטלאַכע ביכער — אַלץ איז אויסגעמישט און צעוואָרפן.“

— איך וועל אַלץ לייענען און כסדר! — בליצט דורך דאַן ביי פּרצן אַ געדאַנק. און ער נעמט זיך טאַקע מיט גרויס התמדה צו די אַלע ביכער, הייבט אָן צו שטודירן די וועלט־ליטעראַטור.

דאָ אין דער ביבליאָטעק געפינט פּרץ ביכער אַף פאַרשיידענע שפּראַכן: פּויליש, רוסיש דייטש, פראַנצויזיש. דאָס שטויסט אים צו לערנען די דאָזיקע אַלע שפּראַכן. ער ווענדעט זיך צו אייניקע לערער און מיט דער הילף פון זיי באַקומט ער אַ גרויסע וועלטלאַכע בילדונג.

---

מיט ליטעראַרישער אַרבעט האָט זיך פּרץ אָנגעהויבן צו פאַר־נעמען בשעת ער איז שוין אַלט געווען איבער 20 יאָר. אין יאָר 1876 האָט ער אָפּגעדרוקט עטלאַכע שירים אין העברעאיש. די ערשטע 10 יאָר פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט איז אים אָבער ניט געלונגען צו אַנטפּלעקן זיין גרויסן טאַלאַנט. אין יאָר 1886 דרוקט ער אָפּ אין העברעאיש „לידער פון דער צייט“. אין די דאָזיקע לי־דער טרעט ער אַרויס אַלס אַ הייסער אָנהענגער פון דער יידישער שפּראַך.

דאָ דאַרף מען צו אונזער שאַנדע דערמאָנען, אַז אין יענער צייט זיינען נאָך געוועזן אַ סך יידן, אַפילו געלערנטע, וואָס האָבן ניט געהאַלטן יידיש פאַר קיין שפּראַך.

פּרץ פאַרטיידיקט די יידישע שפּראַך. ער ווייזט אָן, אַז יידיש — דאָס איז דער לשון, וואָס האָט אַיינגעזאַפּט אין זיך דעם געוויין פון אונזערע עלטערן, דאָס וויי־געשריי פון די דורות, דעם גיפט און די ביטערקייט פון דער געשיכטע... די דימענטן און די בריליאַנטן, וואָס זיינען אין איר אַיינגעפאַסט — דאָס זיינען דאָך די ניט־אויסגעטריקנטע, די פאַרגליווערט־געוואָרענע יידישע טרערן...

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער דרוקט אָפּ פּרץ זיין באַרימטע פּאָעמע „מאָניש“, און די דאָזיקע פּאָעמע מאַכט אים אַ נאָמען.

אין יאָר 1890 קריגט פּרץ אַ שטעלע אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע און ער באַזעצט זיך אין וואַרשע. דאָ אין דער גרויסער יידישער שטאָט קריגט ער נאָך מערערע מיגלאַכקייטן צו אַנטוויקלען דעם גרויסן טאַלאַנט זיינעם. באַלד ווי ער קומט קיין וואַרשע הייבט ער אָן אַרויסצוגעבן צוזאַמען מיט זיין ליבן פריינד יעקב דינעזאָן אַ זשורנאַל „די יידישע ביבליאָטעק“. דער דאָזיקער זשורנאַל שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו בילדן דאָס פאָלק, צו פאַרשפּרייטן ליכט און ווויסנשאַפט צווישן די פינסטערע יידישע מאַסן.

צו דער אַרבעט אין דער „יידישער ביבליאָטעק“ ווי אויך אין די ווייטערדיקע זיינע אויסגאַבן ציט פּרץ צו אַ גאַנצע ריי יונגע טאַלאַנטפולע יידישע שרייבער.

אין משך פון די יאָרן 1894 און 1895 גיט פּרץ אַרויס אַ צווייטן זשורנאַל „יום־טוב־בלעטלאַך“, וועלכער מאַכט אים נאָך אַ גרעסערן נאָמען.

אין די „יום־טוב־בלעטלאַך“ דרוקט ער אָפּ אַ סך ערציילונגען, בילדער, שירים און עליטאָנען. מיט אַ זעלטענעם טאַלאַנט מאָלט אונז פּרץ אָפּ אין זיינע דאַמאָלסדיקע ווערק דעם שרעקלאַכן דלות און די ביטערע לאַגע פון דער דערדריקטער אומוויסנדער יידישער פאָלקסמאַסע.

מיט גרויס ליבשאַפט און מיט אַ טיפן רחמנות=געפיל זיינען אויך דורכגעדרונגען די ערציילונגען זיינע, וואו ער שילדערט אונז די לאַגע פון דער יידישער פרוי, וואָס האָט אין יענע צייטן געמוזט אַרויסטראָגן אויף אירע פּלייצעס דעם שווערן יאָך פון אויסהאַלטן די גאַנצע פאַמיליע.

די „יום=טוב=בלעטעלאַך" זיינען גיך געוואָרן זייער פּאָפּולער און האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן דער אינטעליגענץ און צווישן די אַרבעטער. אין פאַרשיידענע שטעט האָבן זיך געבילדעט גרופּעס סטו= דענטן, גימנאַזיסטן און אַרבעטער, וואָס פלעגן זיך פון צייט צו צייט פאַרזאַמלען כדי צו לייענען פּרצן און צו שמועסן וועגן זיינע ווערק.

---

און ניט נאָר אַלס שריפטשטעלער ווערט פּרץ מיט דער צייט באַוואוסט ביי יידן. ביסלאַכווייז הייבט ער אָן צו ווערן פּאָפּולער אויף דער יידישער גאַס אויך אַלס כלל=טוער. ער נעמט זייער אַן אַקטיוון אָנטייל אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטן, טרעט אַרויס אויף פאַרזאַמלונגען, האַלט פאַרשיידענע פאָרטראָגן אין וואַרשע ווי אויך אין אַנדערע שטעט פון פּוילן און רוסלאַנד.

אין יאָר 1901 ווערט געפּייערט אין וואַרשע דער 25 יאָריקער יוביליי פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. דער דאָזיקער יוביליי איז אַגב אויך דער ערשטער ריכטיקער יוביליי פון אַ יידישן שרייבער, די ערשטע קרעפטיקע דעמאָנסטראַציע פאַר יידיש ווי אַ פאָלקסשפּראַך מיט אַ באַדייטנדער ליטעראַרישער צוקונפט.

דאַן גייט אויך אַרויס די ערשטע זאַמלונג פון פּרצעס שריפטן.

פּרצעס טאַלאַנט האַלט אין איין בליען, ניט קוקנדיק אויף ד' 25 יאָר אַרבעט, איז ער נאָך פריש און מונטער, פול מיט לעבן, מיט מוט און מיט ענערגיע. וואָס ווייטער שאַפט ער אַלץ שטאַרקערע זאַכן. ער שרייבט אָן די באַרימטע חסידישע מעשהלאַך; ער שאַפט (אין די יאָרן 1903 און 1904) די שענסטע און די גרעסטע

ווערק אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור — די „פּאָלקסטימלאַכע געשיכטן".

וואָס עלטער פּרץ איז געוואָרן אין יאָרן, אַלץ יינגער און זאַפּטיקער און בליענדער איז געוואָרן זיין טאַלאַנט, אַלץ פּילפּאַר־ביקער האָט זיך אַנטוויקלט זיין שאַפונגס־קראַפט, אַלץ העכער און העכער האָט ער געשטייגט...

„פּרץ — זאָגט אונז עדות זיין פריינד ש. אַנסקי — האָט געהאַט אין זיך אַ לעבעדיקן קוואַל פון שאַפונג, וואָס האָט אָן אויפהער שטאַרק און שטורמיש געשלאָגן. פּרץ האָט ניט געוואוסט פון מידקייט. ער איז געווען שטענדיק אין באַוועגונג, שטענדיק געאַרבעט, געשאַפן, שטענדיק געזוכט, געפאָרשט און געריסן זיך אַלץ העכער און העכער, שטענדיק דרייסט געפּרוווט נייע וועגן.

... מיט זיינע פינקלדיקע וואונדערבאַר־קלוגע אויגן, מיט זיינע בליצנדיקע און בלאַנקענדיקע ווערטער האָט פּרץ ביי מיר שטענדיק אַרויסגערופן די פאָרשטעלונג פון אַ גרויסן טייערן פּילפּאַכיק געשליפענעם בריליאַנט: ווי אַ בריליאַנט האָט ער געפינקלט מיט יעדן געשליפענעם קאַנט, ווי אַ בריליאַנט איז ער געווען שטאַרק אין זיינע מיינונגען און אויך ווי אַ בריליאַנט האָט ער אַן אַנדערש מאָל שאַרף געשניטן די יעניקע, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם וועג צו זיין הויכן ציל..."

דער ציל דאָס איז געווען — שאַפן די נייע יידישע ליטעראַטור. פּרץ אַרבעט אַליין אַ סך. ער גיט אויך צו אַנדערע שרייבער מוט צו אַרבעטן פּרצעס הויז ווערט דער צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור און פון די יידישע ליטעראַטן. פּרץ ווערט זייער פירער, זייער וועג־ווייזער, זייער קאָפּ.

ביי אים אין שטוב פאַרזאַמלען זיי זיך אַלע שבת. דאָ ווערן געלייענט זייערע ווערק, דאָ לייענט אויך פּרץ פאָר זיינע נייע ווערק. און אין די שטראַלן פון זיין ליכטיקן געשטאַלט פילן זיך אַלע אַזוי וואַרים, אַזוי היימלאַך... זייער אַ סך צייט און קרעפטן גיט ער אָפּ די יונגע שרייבער. „פּרץ — דערציילט אונז אַנסקי — האָט

אויפגעצויגן און אויסגעהאָדעוועט גאַנצע דורות מיט ליטעראַטן. כמעט די אַלע, וואָס האָבן איצט אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור, זיינען דורכגעגאַנגען זיין שול, געפינען זיך אונטער זיין השפעה".

און די יידישע ליטעראַטור הייבט אָן צו וואַקסן און צו בליען. — — —

---

נאָך מיטאַמאָל ברעכט אויס די שרעקלאַכע וועלט־מלחמה. זי טראָגט אַריין אַ גוואַלדיקן חורבן אין דעם לעבן פון אַלע פעלקער און לענדער. זי מאַכט אַ תל פון אַלץ, וואָס איז געוועזן הייליק און טייער. זי רויבט אַוועק די יינגסטע, די ליבסטע, די שענסטע, די בעסטע... זי האָט אויך אַוועקגערויבט פון אונז פרצן...

„אַ שרעקלאַכע ענדערונג—דערציילט אונז אַנסקי—איז פאָרגעקומען מיט פרצן צייט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

(אַנסקי האָט באַזוכט פרצן אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה). די שרעקלאַכע קאַטאַסטראָפע האָט מיטאַמאָל אָפּגעשוואַכט פרצעס כוחות, זיין געזונט, האָט אים צעבראָכן... ער איז געוועזן שטענדיק מיד, פאַרמאַטערט ... די צייט איז געוועזן אַ שרעקלאַכע. וואַרשע האָט נאָך־וואָס איבערגעלעבט דעם שטורמישן אָנקומען פון די דייטשן. מע האָט זיך געריכט אויף אַ נייעם נאָך אַ שטאַרקערן אָנפאַל. אין וואַרשע האָבן זיך דייטלאַך געהערט די ווייטע דונערן, די קאַנאָנען־שיסעריי. איבער דער שטאָט זיינען געפלויגן אַעראָפּלאַנען, וואָס האָבן געוואָרפן באָמבעס, די שטאָט איז פול געוועזן מיט מיליטער.

יעדן טאָג פלעגן אָנקומען הונדערטער און טויזנטער אַנטלאָפענע, ארויסגעיאָגטע. זיי פלעגן אָנקומען צופוס, נאַקעטע, באָרוויסע הונגעריקע, פאַרפראָרענע, דערשראָקענע און הילפלאָזע"... טויזנטער יידן ווערן פאַרטריבן פון זייערע אַלטגעזעסענע הייזער. וואַרשע ווערט פול מיט די אומגליקלאַכע היימלאָזע, דערוואַקסענע און קליינע קינדער.

די לאַגע פון די היימלאָזע מאַכט אויף פרצן דעם שטאַרקסטן

איינדרוק. טאָג=טעגלאַך קומט אים אויס צו זען ווי קליינע קינדער און אַלטע לייט וואַלגערן זיך אויף דרערד אויפן הויף פון דער גמינע...
דאָס בילד איז אַזוי שרעקלאַך — באַקלאָגט ער זיך דאַן פאַר אַ פריינד — אַז אַ יידיש האַרץ מוז דערפון פּלאַצן...״

פרץ גיט אַוועק אַלע זיינע מתנות, וואָס ער האָט באַקומען אַלס יובילאַר, כדי צו שאַפן פאַר די אומגליקלאַכע הילף. ער קומט אָפּט אַליין אַריין צו זיי, פאַרברענגט מיט זיי, פרוווט מיט טרייסט=ווערטער אויף וויפל ס׳איז נאָר מיגלאַך צו לינדערן זייערע ווייטאָקן. באַזונדערס גיט ער זיך אָפּ מיט די קליינע קינדער. מיט זיי פאַרברענגט ער שָעהנלאַנג. ער זינגט מיט זיי, שפּילט זיך מיט זיי, דערציילט זיי מעשהלאַך... לויט זיין אינציאַטיוו גרינדעט זיך אין וואַרשע די ערשטע קינדערהיים פאַר די היימלאָזע.

די נייע יידישע שול הייבט זיך נאָך דאַן אָן צו בויען, — עס פעלן נאָך די נויטיקע ביכער. עס זיינען ניטאָ נאָך קיין לידער=זאַמלונגען פאַר קינדער. פרץ נעמט זיך אַליין צו דער אַרבעט און הייבט אָן צו שאַפן אַזאַ מין לידער=זאַמלונג. און ביי דער דאָזיקער אַרבעט פאַלט אַרויס ביי אים אויף אייביק די פען פון דער האַנט...

און דאָס גרויסע האַרץ האָט געפּלאַצט... פּלוצלונג — דערציילן זיינע נאָענטע־אינמיטן דער אַרבעט. ער האָט זיך אויף אַ רגע אויפ=געהויבן פון בענקל און איז געפאַלן טויט פון אַ האַרץ=שלאָג.
דאָס איז געוועזן שבת חול=המועד פּסח (יט ניסן) תרעה (1915) 8 אַזייגער אינדערפרי...

שטילער, שטילער,

דאַנקען וויל ער... —

דאָס זיינען געוועזן די לעצטע ווערטער פון דעם ליד, וואָס פרץ האָט געשריבן פאַר די יידישע קינדער.

---

פינף יאָר זיינען שוין פאַרלאָפן צייט דער גרויסער פרץ איז אַוועק פון דער וועלט. ניט קיין געוויינטלאַכע יאָרן זיינען דאָס געווען — יאָרן פון מילחמות, איבערקערענישן, צרות, גזרות, מגפות, פּאָגראָמען...

אַ סך אַ סך האָבן מיר איבערגעלעבט פאַר די עטלאַכע יאָר.

פיל יאָרן דאַרפן נאָך אַריבער, איידער מיר וועלן קומען צו זיך, איידער מיר וועלן זיין בכוח ווי געהעריק אָפּצושאַצן אונזער גרויסן דיכטער יצחק לייבוש פרץ.

אָבער אַפילו אין די ערגסטע צייטן איז די ליכטיקע געשטאַלט זיינע שטענדיק געשטאַנען פאַר אונזערע אויגן. ער איז געווען אונזער לערער. ער האָט אונז געשילדערט אונזער לעבן, געלערנט און געוויזן ווי אַזוי מיר דאַרפן לעבן.

ער האָט אונז געשטראָפט, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך געטרייסט, געגעבן מוט און האָפענונג.

פרץ האָט געפילט, אַז די שלעכטע צייטן קענען לאַנג ניט דויערן. ער האָט געזען, אַז די בעסערע צייטן זיינען שוין נאָענט און ער האָט געזונגען:

„נישט ווייט איז שוין דער פרילינג!
עס וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען,
נייע נעסטן, נייע פויגלען
וועלן נייע לידער זינגען!

די קעלט וועט זיין פאַרשוואונדן
און די וואָלקנס אויך צערונען,
בלאָ וועט ווייטער זיין דער הימל,
נייע שטערן, נייע זונען!...

נייע רויזן, נייע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך.
עס וועט בליען, שמעקן, זינגען,
און אויף אונזער הויפל אויך!...

פרץ איז געווען דער נביא פון אונזער צייט.

אין זיינע ווערק געפינען מיר אָנווייזונגען, ווי אַזוי דאָס לעבן וועט שפּעטער אויסזען. מיט זיין נביאיש=אָדלערישן בליק האָט ער אַריינגעקוקט אין די שפּעטערדיקע צייטן, אין די ווייטערדיקע דורות... דאָס איצטיקע אַרומיקע לעבן באַפרידיקט ניט דעם גרויסן דיכטער. פּרץ חלומט וועגן אַן אַנדער דור, אַ דור וואָס וועט האָבן אַנדערע שטרעבונגען, העכערע פאַרלאַנגען, אַ דור מיט פליגעלאַך...

— משיח מוז קומען! — דערציילט ער אונז אין זיין ווערק „משיחס צייטן".

און אָט ווי אַזוי דאָס וועט פּאַרקומען: „פריער וועלן זיין שרעקלאַכע מילחמות איבער פאַלשע משיחן. די מענטשן וועלן זיך אַרומרייסן ווי ווילדע חיות, די ערד וועט אָנגעזאַפּט ווערן מיט בלוט. טייכן בלוט וועלן פליסן פון מיזרח קיין מערב און פון דרום קיין צפון. אַלע חיות, בהמות וועלן טרינקען מענטשן=בלוט. אַלע פעלדער, אַלע גערטנער, אַלע טראַקטן און אַלע וועגן וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט בלוט: און אין מיטן דער צייט פון בלוטיקן מבול וועט זיך ערשט באַווייזן דער אמתער משיח, דער רעכטער...

יעדער וועט אים דערקענען. עס וועט קיינער נישט האָבן קיין טעות. ער וועט זיין משיח מיט יעדער מינע, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן בליק. ער וועט נישט האָבן קיין חיילות, ער וועט נישט רייטן אויף קיין פערד, און אַ שווערד וועט אים נישט הענגען אויף די לענדן. פליגל וועט ער האָבן... משיח וועט האָבן פליגל און אַלע וועלן דער=נאָך באַקומען פליגל. עס וועט זיין אַזוי: פּלוצלונג וועט געבאָרן ווערן אַ קינד מיט פליגל, דערנאָך — אַ צווייטס, אַ דריטס און אַזוי וועט עס שוין גיין כסדר...

פריער וועלן זיך די מענטשן דערשרעקן, דערנאָך וועט מען זיך צוגעוויינען, ביז עס וועט אַרויסקומען אַ גאַנץ דור מיט פליגל; אַ דור, וואָס וועט זיך נישט מער וועלן וואַלגערן אין דער בלאָטע און וועט זיך נישט מער רייסן איבער אַ פּרנסה=ווערימל"...

---

דער ליבער גוטער יצחק לייבוש פרץ איז שוי מער נישטאָ!...

די טרויעריקע בשורה האָט מיט 5 יאָר צוריק פּרצעס טרייער פריינד יעקב דינעזאָן (וועלכן דער טויט האָט שוין אויך פון אונז אַרויסגעריסן) אָנגעזאָגט די יידישע קינדער און האָט זיך און זיי געטרייסט מיט די דאָזיקע ווערטער:

„געשטאָרבן? ניין! אַזאַ מענטש שטאַרבט ניט. אייביק בלייבט זיין אָנדענקען אין די ליכטיקע געדאַנקען, וואָס שיינען אַרויס ווי די שטערן אין הימל דורך די בלעטער און שורות פון די פיל שריפטן און ביכער, וואָס ער האָט אַזוי ניט מיד ווערנדיק נאָכאַנאַנד געשריבן. און לעבט יצחק לייבוש פרץ נישט מער מיט אונז, לעבט ער און מוז לעבן נאָך שטאַרקער אין אונז.

און לעבן זאָל ער, דער גרויסער, ליכטיקער יצחק לייבוש פרץ, אין אייך ליבע יידישע קינדערלאַך!"... פאַר אייך, קינדער, איז נאָך פרץ ניט פאַרשטענדלאַך. נאָר געציילטע זאַכן האָט ער פאַר קינדער געשריבן. פּרצעס ווערק זיינען פאַר גרויסע. כּדי צו פאַרשטיין פרצן, מוז מען קענען דאָס לעבן, מוז מען אַ סך לערנען. שפּעטער ערשט, אַז איר וועט עלטער ווערן, די וועלט און דאָס לעבן אין איר בעסער פאַרשטיין און דערקענען, וועט איר אויך אים, פרצן, טיפער פאַרשטיין!

און דאַן — וועט איר געוויס זיין אָנדענקען נאָך מער ליבן און נאָך מער אַכטן, ווי איצט.

ש. באַסטאָמסקי.



# יצחק לייבוש פּרץ און די קינדער. *)

פּרץ האָט פון שטענדיק אָן זייער ליב געהאַט קליינע קינדער. די באַזונדערע ליבע צו קינדער האָט זיך נאָך ביי אים אַרויסגעוויזן אין די מיטעלע 70=קער יאָרן פונ'ם פאָריקן יאָרהונ= דערט, בעת ער האָט געוואוינט אין זאַמאָשץ און זיך באַשעפטיקט מיט אַדוואָקאַטור. באַזונדערס פלעגט אים פאַרשאַפן גרויס עגמת=נפש דאָס, וואָס אין די לאַנגע זומערדיקע טעג, אין די גרעסטע היצן, האַלט מען קליינע ברעקלאַך קינדער אויפגעפּרעסט צוזאַמען ווי הערינג אין דער ענגער שמוציקער תּלמוד=תּורה, וואו מ'מאַטערט זיי און מ'ציט ביי זיי אַרויס די עצמות ביז אַ שטיק אין אָוונט מיט ביט פאַר זייי צוגעפּאַסטע חידושי=תּורה. „מיין האַרץ פלעגט מיר באַגאָסן ווערן מיט בלוט — האָט מיר פּרץ אַמאָל דערציילט — זעענדיק ווי די שטעטלדיקע שקצים לויפן אַרום גאַנצע טעג בהרחבהדיק איפן פרייען פעלד, זאַפּן אין זיך איין מיט דער פולער ברוסט די פרישע זומער=לופט און שעפּן זיך אָן מיט פודן געזונט פון גאָטס=נאַטור, בעת זייערע יידישע חברים זיצן נעבאַך און שוויצן אין דער פאַרשטיקטער חדרדיקער און תּלמוד=תּורה לופט, און בלייבן דאָרט אָן כוחות". און פּרץ האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן ווי און אויף וואָס פאַר אַן אופן אַביסל לייכטער צו מאַכן דעם דאָזיקן עלנט פון די יידישע קינדער, און איז צום סוף גע= פאַלן אויף אַן המצאה.

דריי מאָל אין וואָך פלעגט פּרצן אויסקומען צו פאָרן צוליב זיינע אַדוואָקאַטישע אינטערעסן אין דעם גמינעם סוד, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף, אַ וויאָרסט 30 פון זאַמאָשץ. איז שוין ביי פּרצן געוואָרן כמעט ווי אַ מינהג צוצופאָרן זומער=צייט איטלאַכס מאָל צו דער תּלמוד=תּורה, אויסקלייבן דאָרטן פון די

*) אַרויסגענומען מיט דער ערלויבעניש פון מחבר פון „ווילנער זאַמלבוך" באַנד I.

תּלמידים אַ ייִנגעלע און נעמען אים מיט זיך אין דאָרף אַריין. פּאָרנדיק פּלעגט זיך פּרץ אונטערהאַלטן מיטן ייִנגעלע אויפן קינ=דערשן שטייגער, פאַראינטערעסירן אים מיט דער אַרומיקער נאַטור, אויפמערקזאַם מאַכן אים אויף ד אָ ס און אויף י ע נ ץ, דערקלערן אים ד י און י ע נ ע דערשיינונג. אָנקומענדיק אין דאָרף, פּלעגט פּרץ די ערשטע זאַך אַריינפירן דעם ייִנגעלע צום ייִדישן פּאַקטער און הייסן אים געבן אַ פּאָר גלאָז פרישע מילך, אָט ערשט פון דער בהמה, מיט אַ גוטן זאַטן פרישטיק. דערנאָך אַריינגעפירט אים אין וואַלד, איבערגעלאָזן אים דאָרטן אונטער דער השגחה פונם פּאַקטערס קינדער, און אַליין אַוועק אין—סוד. אָפּגעפּטרט דעם סוד, האָט זיך פּרץ ווידער גענומען צום ייִנגל, דערקוויקט אַביסל זיין יונג הערצל און ווייטער אַריינגעפירט אים אַליין אין וואַלד, אָנגעוויזן אים אויף יעדן בלימעלע, אויף יעדן גרעזעלע, און אַזוי אַ פּאָר שעה נאָכ=אַנאַנד. דאָס ייִנגעלע פּלעגט צוריק קומען אין שטאָט ווי אַ באַ=כּישופטער, און פּלעגט ניט אויפהערן צו דערציילן נאָכאַנאַנד מיט גרויס התלהבות זיינע איינדרוקן אין פעלד און אין וואַלד און באַ=זונדערס פונם פעטער יצחק ליבושעס זיסינקע מעשהלאַך...

זיינע חברים, די תּלמוד=תּורהניקעס, פּלעגן שוין יעדערער וואַרטן אויף זיין „אָטשערעד” מיט דער ברענענדיקסטער אומגעדולד, און ווי פּרץ פלעגט נאָר אַריינקומען, פלעגט די גאַנצע מאַסע יונגינקע, קליינינקע מיילכעלאַך אויסשיסן מיטאַמאָל: „מיך, מיך! נעמט מיך!”...

די אָנפירער פון דער זאַמאָשצער תּלמוד=תּורה האָט אָבער די גאַנצע מעשה ניט געשמעקט. גלאַט מע נעמט אָרימע קינדער און מע מאַכט זיי צולאָזן! מע מאַכט זיי פּשוט ווילד! חי קומען תּלמוד=תּורה=קינדער צו לופט=סמופט?! ווי קומען דאָס תּלמוד=תּורה=קינדער אַרומשפּאַצירן? מ׳זאָל זיי אַזוי באָכגעבן, ווער ווייס וואָס עס קען נאָך פון זיי אויסוואַקסן!... און ביי די גבאים פון דער זאַמאָשצער תּלמוד=תּורה איז געבליבן בהסכם=אחד, אַז מע מוז זען מאַכן אַן עק צו דער לופט מיט דער אַרומשפּאַצירעניש. קיינער פון זיי האָט אָבער פּרצן ניט געקענט מעיז זיין, דער עולם האָט

געהאַט רעספּעקט פאַר אים... האָט מען אָנגעסטרויעט די מלמדים, אַז זיי זאָלן זען זוכן און געפינען אַ דרך ווי פּטור צו ווערן פון פּרצעס „לופט". מיט פּרצעס „אַרומשפּאַצירעניש".

איינמאָל, זייגער צען אינדערפרי — דאָס איז געווען אין זייער אַ הייסן זומער־טאָג — איז פּרץ צוגעפאָרן מיט זיין בריטש־קעלע, ווי זיין שטייגער איז, צו דער תּלמוד־תּורה. אַריינגייענדיק אינעווייניק, האָט פּרץ געפונען די קליינינקע עופּהלאַך זיצנדיק און שוויצנדיק, מחילה, ווי אין באָד אויפן פּאָל און אַלע שרייען ווי אין אַ מאַנהויז און אַלע קוקן מיט רחמנות־פּנימלאַך אויפן געלן רבין, וועלכער זיצט אָן אַ קאַפּאָטע און מיט אַ היילן האָריקן בוזים, און איז כּלו — גרימצאָרן. ווי די קינדער האָבן נאָר דערזען פּרצ'ן, איז תּיכף צווישן זיי געוואָרן דער געוויינטלאַכער ליאַרים מיטן געפילדער: „נעמט מיך! מיך! מ י ך!"

און פּרץ שטייט און שמייכלט זיס און באַרואיקט די קינ־דערלאַך מיט זיינע ווייכע, זיסע ווערטער: „איינציקווייז, איינציקווייז, קינדערלאַך, מיין וועגעלע איז, ווי איר זעט, אַ גאַנץ קליינינקער, אַלע מיט אַמאָל קענען ניט פאָרן... „היינט נעם איך אָט דעם!" און ריידנדיק האָט פּרץ אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף אַ קליינינקן אויסגעמאָגערטן ווי אַ שניי בלאַסינקן יינגעלע מיט צוויי גרויסע קאַרשן־אויגן, וועלכער איז געזעסן אָן אַ זייט אין אַ ווינקל.

דער מלמד, וועלכער האָט שוין געהאַט וועגן דעם אַ פּאַר־טיקע אינסטרוקציע פון די גבּאים, איז די ערשטע מינוט געווען צוטומלט געוואָרן. ער האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ טאָן ער זאָל דאָ כאַפּן. ער האָט אָבער באַלד אָנגעגורט די לענדן און געזאָגט:

— הערט נאָר, ר' יצחק לייבוש! דאָס גייט ניט...

— וואָס הייסט? — האָט פּרץ געפרעגט שטאַרק פאַרוואונדערט.

— עס הייסט: איר נעמט אויף זיך אַ שווערע עבירה.

— וואָסער עבירה?

— איר ברענגט קליינע קינדער צו ביטול־תּורה.

דאָ איז פּרץ אַריין מיטן מלמד אין אַ וויכוח. ס'האָט אָבער

ניט געהאָלפן: דער מלמד איז געבליבן בײַ דאָס זייניקע. צום סוף האָט פרץ אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט איר וואָס? איך האָב אַ פּלאַן, אַז דאָס ייִנגעלע זאָל זיך מיט מיר דורכפּאָרן, און זאָל דאָך ניט קומען צו ביטול תורה.

— אַ פּלאַן? ווי אַזוי? — האָט דער מלמד געפרעגט גאַנץ געשטוינט? — ווי איז דאָס דען געמאָלט, אַז מע זאָל אַ טאָג אַ יאָר ניט לערנען און ניט מבטל זיין פון תורה?

— די זאַך איז גאַנץ פּשוט — האָט פרץ געענטפערט, און געווענדעט זיך בעת־מעשה צו דעם ייִנגעלע מיט די קאַרשן־אויגן:

— זאָג מיר, מיין ליבינקער, וואָס לערנט איר דאָ היינט?

— רש״י!

— ווייסט איר וואָס? — האָט פרץ געזאָגט צום רבין — אָט איך נעם זיך אָן אַיינצוחזרן מיט דעם ייִנגל די שטיקל רש״י.

— וואָס רעדט איר, ר׳ יצחק לייבוש, ווי קומט דאָס צו אַייך? אַ מלמד זייט איר?

— אָט קוקט און שווייגט — האָט פרץ געזאָגט — מאָרגן אינ־דערפרי, אַז דאָס ייִנגל וועט צו אַייך קומען, וועט ער זיין קלאָר אין די רש״י ווי אַ וואַסער.

און פרץ האָט דאָס ייִנגעלע מיט די קאַרשן־אויגן אָנגענומען פאַרן האַנט, און אַרויס מיט אים אויף דער גאַס צו דער בריטשקע.

און דער מלמד האָט נאָכגעשריען נאָכן ייִנגל:

— געדענק, דו זאָלסט מאָרגן קומען צו גיין מיט דער פּאַרטיקער רש״י! ווען ניט ...

ווי נאָר די בריטשקעלע איז אַרויס אונטערן שטאָט און איז אַריין אין דעם ים פון תבואה־זאַנגען, וועלכע האָבן זיך הויך דער־הויבן פוןביידע זייטן וועג, האָט זיך פרץ פונאַנדערגערעדט מיטן ייִנגעלע און האָט אים גענומען דערציילן אַ גאַנצן סיפּור־המעשה מיט אַ וואונדער־שיינע בת־מלכה, וואָס האָט געהאַט לאַנגע גאָלדענע צעפּ מיט טיפע בלויע אויגן און האָט געוואוינט אין אַ גלעזערנעם שלאָס אויף אַ שפּיץ באַרג און האָט געזאָגט שירה מיט די פייגע־

לאַך, א. א. וו. און דאָס ייִנגעלע הערט זיך צו אויפמערקזאַם, שלינגט די ווערטער, און קוועלט זיך אָן פון נחת. און פרץ הייסט אָפּשטעלן די בריטשקעלע, גייט אַראָפּ מיטן ייִנגעלע אין וואַלד אַריין, זעצט זיך מיט אים אַוועק אויפן גראָז, גיט איבערבייסן, און הייסט אים דערנאָך שפּרינגען, טאַנצן, און שפּרינגט מיט אים מיט, און טאַנצט מיט אים מיט... און מ׳שטייט אויף און מ׳פאָרט ווייטער ביז אין דאָרף אַריין. דער פאַקטער ווייס, אַז דינסטיק האָט ער פאַר אַ גאַסט פרצן מיט אַ ייִנגעלע, און עס שטייט שוין אַ פאַרטיקער פרישטיק, און דעם פאַקטערס מיידעלע שטייט און קוקט שוין אויס מיט אומגעדולד דעם חבר, וואָס דאַרף קומען פון שטאָט און שפּילן זיך מיט איר אין פערדלאַך... פרץ האָט זיך אָפּגעפּאַר־טיקט אין סוד, קומט צוריק, נעמט צוריק דאָס ייִנגעלע מיט דעם מיידעלע און גייט מיט זיי אַוועק אין וואַלד אַריין, און לאָזט זיך מיט זיי שטיפן, קונדֿסעווען, הייסט זיך דעם ייִנגעלע ראַנגלען מיט דעם מיידעלע, זען ווער עס איז שטאַרקער... און שטאַרקער איז דאָס מיידעלע. ניט אומזיסט: אַ פאַקטערס אַ טאָכטער, דערצויגן אויף מילך און אויף פּוטער און אויף פרישע וואַלד־לופט. אָפּגעפּטרט דאָס שפּילן, און מע פאָרט אַהיים, אין שטאָט אַריין. פאָרנדיק באַרימט זיך דאָס ייִנגעלע, אַז זיין קליין שוועסטערל לייגט ער אַוועק צען מאָל אַ טאָג מיטן קלייניקן פינגערל, און די איז עפּעס אַזאַ גיבורטע מיט רויטע באַקן... און פרץ טרייסט דאָס ייִנגעלע, גלעט אים זיינע שטרויענע בעקעלאַך, און איז אים מבטיח, אַז ער וועט נאָך אַמאָל אויך ווערן שטאַרק... און מ׳פאָרט ווייטער. פּלוצים באַמערקט פרץ, אַז דאָס ייִנגעלע האָט אַראָפּגעלאָזן דאָס נעזל און איז עפּעס אומעטיק געוואָרן. באַלד האָט ער זיך טאַקע פונאַנדער־געכליפּעט אויפן קול.

— וואָס איז דיר, ייִנגעלע? וואָס וויינסטו?

און דאָס ייִנגעלע האָט געענטפערט וויינענדיק:

— איך האָב פאַרגעסן... דערמאָנען אייך... וועגן דער רש״י...

— אי, טאַקע דו ביסט גערעכט! — האָט זיך פרץ אַ כאַפּ

געטאָן — גיכער, גיכער לאָמיר זיך נעמען צו די רש״י ...

וואָס טוט מע — האָט דאָס יינגעלע קוים אַרויסגערעדט — איך האָב פאַרגעסן מיטצונעמען דעם חומש ...

— מ׳דאַרף ניט! מען דאַרף ניט! - האָט אים פרץ געטרייסט-איך ווייס אויף אויסווייניק. אָט הער זיך איין ...

און פרץ האָט אים אָפּגעזאָגט אַ פריער דעם פסוק חומש, דערנאָך די רש״י. מיט דעם גאַנצן אויטרייד, און דעם קליינעם תּלמידל איז דאָס עפּעס אַלץ אויסגעקומען אַזוי גרינג, אַזוי לייכט פאַרשטענדלאַך, עפּעס גאָר ניט אַזוי ווי אין תּלמוד־תּורה, און באַלד האָט ער דאָס שוין אַריינגענומען אין קאָפּ, און איבערגעזאָגט פרצן אויסווייניק וואָרט ביי וואָרט.

— איצטער האָסטו שוין יינגעלע, האָט פרץ געזאָגט, פאַר דיין רבין גאָר ניט וואָס מורא צו האָבן!...

ש. ל. ציטראָן.



# רעגן.

קינדערלאַך, אוי, קינדערלאַך!
אַ רעגנדל גאָר וואונדערלאַך,
שמעקענדיקע טראָפּעלאַך!
אַ רעגנדל איז גאָטס גענאָד,
קומט אַרוים און טאַנצט אַ ראָד!
מיט בלויזע פיס און קעפּעלאַך!

גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואַקסן אויפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען!
נאַקעטע קעפּלאַך, נאַקעטע פיס,
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז
ביזן הימל צו דערלאַנגען.

י. ל. פרץ.

# מָשִׁיח'ס צייטן.

אַזוי ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלאַך אין גאַליציע, איז אויך געווען אין דער קהילה, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, אַ משוגענער.

אָבוואָל דער אָרימער משוגענער האָט קיינעם נישט גערעט קיין שלעכט וואָרט, קיינעם נישט אָנגערירט מיטן מינדסטן פינגער, האָבן אויף אים אַלע געשריען, מאַנכע געשלאָגן, און די גאַסנ־יונגען פלעגן אים נאָכוואַרפן בלאָטע און שטיינער.

איך האָב תּמיד רחמנות געהאַט אויף דעם משוגענעם. עס האָט מיך עפּעס צו אים געצויגן. איך האָב געוואָלט מיט אים ריידן, אים טרייסטן, אַ גלעט טאָן, נאָר צוגיין צו אים איז געווען אוממיגלאַך: איך וואָלט באַקומען אַ טייל פון דער בלאָטע און די שטיינער, מיט וועלכע מע פלעגט אים באָמבאַרדירן.

דאָס שטעטל, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, איז געווען אַ פעסטונג, אַרומגעצוימט מיט גריבער, וואַסער, וואַלן און הויכע מויערן. אויף די מויערן זיינען געשטאַנען האַרמאַטן. און זעלנער מיט ביקסן האָבן זיי געהיט, מאַרשירנדיק אויף און אָפּ ערנסט און שווייגעדיק. קוים איז נאָר צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען אויפגע־הויבן די אַייזערנע בריק איבערן וואַסער, פאַרשלאָסן אַלע טויערן און אָפּגעריסן דאָס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אינדערפרי. ביי יעדן פאַרמאַכטן טויער איז געשטאַנען אַ וואַך, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פוס.

ערשט נישט לאַנג, בייטאָג, זיינען מיר אַלע פריי געווען, מע האָט געמעגט גיין אַרויס און אַריין, ניט אָנגעפרעגט צוערשט ביים פּלאַץ־מאַיאָר; מע האָט זיך אויך געמעגט באָדן אין טייך הינטער דער שטאָט, אַפילו זיך אויסציען אויף דער גרינער לאָנקע ביים טייך און קוקן אין הימל אַריין, אָדער ווייט ערגעץ אין דער וועלט אַריין, ווי איינער האָט געוואָלט. קיינער האָט ניט פאַר דעם קיין שלעכט וואָרט גערעדט. איז עמיץ אַפילו ניט צוריקגעקומען, האָט מען אויף אים ניט געפרעגט. נאָר ביינאַכט האָט מען געוואָלט זאָל זיין שטיל אין שטעטל, מע זאָל זיך נישט אַרויס און נישט אַריינדרייען. „אַ גליק״, — פלעג איך דעמאָלט קלערן ביי מיר, — „וואָס מע לאָזט אונז כאָטש אַריין די לבנה״...

און אַזוי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פאַרגעסן דעם „בין־השמשות״, דאָס צופאַלן פון דער נאַכט. צוזאַמען מיט דעם אָונטלאַכן שאָטן פאַרשפרייט זיך אַ שוידער איבער דעם גאַנצן שטעטל. מענטשן און הייזער ווערן פלוצלונג ווי אַיינגעהויקערט. מע ציט די בריק; די אַייזערנע קייטן רייבן זיך אָן די אומגעהויערע בלאָקן; דאָס אַייזערנע קראַצן, די האַרטע אָפּגעריסענע טענער פאָרן דורך די ביינער. דערנאָך פאַלט צו אַ טויער נאָך אַ טויער. יעדן אָוונט געשעט דאָסזעלבע. און דאָך ציטערן יעדעס מאָל די פיס אונטער דעם מענטשן, אַ שטומפּיקע מידקייט לייגט זיך אויף אַלע פּנימער, אַלע אויגן לעשן זיך אויס, ווי ביי טויטע, די ברעמען פאַלן אַראָפּ ווי בלייערנע, דאָס האַרץ בלייבט שטיל, און מע אָטעמט קוים. דערנאָך הייבט־אָן דער פאַטרול צו קורסירן אין די גאַסן, עס קלאַפּן די נאָכגעלאָזטע שווערדן אָן די גרויסע וואַסער־שטיוול, די באַגגעטן בלישטשען, און מע שרייט: „ווער־דאָ״? — אויף דעם מוז מען ענטפערן: „אַ היימישער, אַן אייגענער!״ אַז נישט — ווייס גאָט צו וואָס עס קאָן קומען. מאַנכע פלעגן זיך שוין בעסער פאַרמאַכן אונטער שלאָס און ריגל: זיי האָבן מורא זיך אַפילו אַרויסצווייזן אויף דער גאַס...

---

איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט אַ צופאַל: איך האָב מיך געבאָדן הינטער דער שטאָט. איך האָב מיך פאַרקוקט צי פאַרטראַכט, צי גלאַט אַזוי פאַרגעסן, אַז נאָך טאָג גייט נאַכט. פלוצלונג זע איך ווי מע הייבט די בריק; עס שניידט אין די אויערן, עס פאַלן צו די טויערן. עס קנאַקט און שלאָגט זיך אָפּ מיר אין מיין האַרץ. פאַרפאַלן! איך מוז שוין בלייבן איבער נאַכט הינטער דער שטאָט...

און אַ וואונדערלאַכע זאַך: ליגנדיק אינדערהיים אין וואַרימען בעט פלעגט זיך מיר נאַכט אויף נאַכט חלומען פון דער פרייער וועלט, אויסער דעם פעסטונג. און דאָס ערשטע מאָל, אַז מיין חלום איז מקוים געוואָרן, איז מיך בעפאַלן אַ שרעק! עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואוסטער שטרייט צווישן קאָפּ און האַרץ. דער קאָפּ האָט גערופן: רואיק, געניס אויך אַמאָל די ריינע, פרייע לופט, דעם אויסגעשטערנטן פרייען הימל. און דאָס האַרץ האָט זיך געטאָן זיינס, געוואָרפן זיך און געצאַפּלט, צום אַרויסשפּרינגען. דערנאָך האָט זיך מיר אויפגעהויבן ווי אַ דונסט, ווי אַ נעפּל פון שווערן האַרץ און איז מיר געשטיגן אין קאָפּ אַריין. דער פרייער געדאַנק איז געוואָרן טונקל און טונקעלער און איז באַלד אונטערגעגאַנגען אונטער דעם וואָלקן. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו קלינגען אין די אויערן און צו פינטלען אין די אויגן. פון יעדן לייכטן גערויש, פון יעדן לייכטן שאָטן פון אַ צווייג, פון קלענסטן גרעזל האָט זיך מיר אַריינגעזאַפּט דורך די אויגן, ווי דורך די אויערן, אַ מין שוידער, אַ שרעק, וואָס האָט מיך געוואָרפן אויף דער ערד!

איך האָב באַהאַלטן דאָס פּנים אין זאַמד...

צי בין איך געשלאָפן, צו ניין, און ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן — אָסור אויב איך ווייס! נאָר פלוצלונג האָב איך דערהערט, אַז מע אָטעמט לעבן מיר. איך שפּרינג אויף. איך בין נישט אַליין. צוויי גוט באַקאַנטע, טיפע, שוואַרצע אויגן קוקן אויף מיר האַרציק און געטריי.

עס איז געווען דער משוגענער.

— וואָס טוסטו דאָ? — פרעג איך מיט אַ דומפּיקער שטימע.

— איך שלאָף קיינמאָל נישט אין שטאָט! — ענטפערט ער מיר טרויעריק און דער בליק זיינער איז אַזוי ווייך, די שטימע אַזוי ברידערלאַך, אַז איך קום צו מיר אינגאַנצן און פאַרגעס מיין שרעק.

אַמאָל, דערמאָן איך מיך פּלוצלונג, פלעגט מען האַלטן משוגעים פאַר נביאים — אין די מאָרגנלענדער איז דאָס נאָך ביז היינט — און איך פרעג מיך: צי איז ער נישט ווירקלאַך איינער פון זיי? צי יאָגט מען אים נישט ווי אַ נביא? צי וואַרפט מען אים נישט נאָך קיין שטיינער ווי אַ נביא? צי לייכטן אים נישט די אויגן ווי די שטערן? צי קלינגט נישט זיין שטימע, ווי די פיינסטע האַרפע? צי ליגט נישט אין אים דער שמערץ פאַר אַלע, דאָס ליידן פאַרן גאַנצן דור? אפשר ווייסט ער טאַקע אויך, וואָס שפּעטער וועט זיין?...

איך פּרוּוו און הייב אָן צו פרעגן, און ער ענטפערט מיר אַזוי שטיל, אַזוי זיס, אַז עס דאַכט זיך מיר טיילמאָל, אַז עס איז נאָר אַ חלום, אַ זיסער חלום פון אַ זומער־נאַכט אויף יענער זייט פעסטונג.

— דו גלויבסט אין משיח׳ס צייטן? — פרעג איך אים.

— געוויס! — ענטפערט ער שטיל און זיכער. — משיח מוז קומען!

— ער מוז?!

— גאַנץ זיכער! אַלע וואַרטן אויף אים. אַפילו הימל און ערד וואַרטן! ווען נישט, וואָלט זיך קיינעם נישט געגלוסט צו לעבן, צו טאָן די האַנט אין קאַלט וואַסער... און אויב מע לעבט און מע טוט, גלייך מע וויל לעבן. איז אַ סימן, אַז אַלע פילן, אַז משיח קומט, אַז ער מוז קומען, אַז ער איז שוין אין וועג...

— צי איז אמת, — פרעג איך ווייטער, — אַז פריער וועלן זיין שרעקלאַכע מילחמות איבער פאַלשע משיחן, די מענטשן וועלן זיך אַרומרייסן ווי ווילדע חיות, די ערד וועט אָנגעזאַפּט ווערן מיט בלוט; טייכן בלוט וועלן פליסן פון מיזרח קיין מערב און פון דרום

קיין צפון; אַלע חיות, בהמות וועלן טרינקען מענטשן=בלוט, אַלע גערטנער, אַלע טראַקטן און אַלע וועגן וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט מענטשן=בלוט... און אינמיטן דער צייט פון בלוטיקן מבול וועט זיך באַווייזן דער אמתער משיח, דער ר ע כ ט ע ר... איז דאָס אמת?

—אמת!

— און מע וועט אים דערקענען?

— יעדער וועט אים דערקענען, עס וועט קיינער נישט האָבן קיין טעות. ער וועט זיין משיח מיט יעדער מינע, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן בליק. ער וועט נישט האָבן קיין חיילות, ער וועט נישט רייטן אויף קיין פערד, און אַ שווערד וועט אים גישט הענגען אויף די לענדן...

— וואָס דען?

— פליגל וועט ער האָבן... משיח וועט האָבן פליגל, און אַלע וועלן דערנאָך באַקומען פליגל. עס וועט זיין אַזוי: פלוצלונג וועט געבוירן ווערן אַ קינד מיט פליגל, דערנאָך—אַ צווייטס, אַ דריטס און אַזוי וועט עס שוין גיין כסדר... פריער וועלן זיך די מענטשן דערשרעקן, דערנאָך וועט מען זיך צוגעוויינען, ביז עס וועט אַרויס=קומען אַ גאַנצער דור מיט פליגל,—אַ דור, וואָס וועט זיך נישט מער וועלן וואַלגערן אין דער בלאָטע און וועט זיך גישט מער רייסן איבער אַ פרנסה=ווערימל...

לאַנג נאָך האָט ער אַזוי גערעדט, נאָר איך האָב אים אויפ=געהערט צו פאַרשטיין. זיין שטימע איז דאָך געוועזן אַזוי אומעטיק=זיס, אַז, איך האָב זי אײַנגעזאַפּט אין מיר ווי אַ שוואָם. אַז ער האָט אויפ=געהערט צו ריידן, האָט שוין געטאָגט, מע האָט שוין די טויערן געעפנט און די בריק אַראָפּגעלאָזט...

י. ל. פרץ.



# פרילינג.

שיין איז דער פרילינג! שיין מיט די געצויגענע אויף שטיקער, צויטן, פעדים און שפינוועבס צעריסענע, צעבראָכענע, וואָלקן און נעפּל. שיין מיט די שטילע, חנעוודיק שטראַלנדיקע, בלוי פאַרשמייכלטע שטיקער הימל, און מיט דער זון, וואָס שווימט — אַ פאַרוויינטע כּלה — פון חייסן שלייער־נעפּל אַרויס און טוקט צוריק אונטער, פאַרשעמט.

און שיין איז דער ערשטער ציטער פון וואַלד — פון אַ גוטן חלום, דורך אַ גוטער בשורה געוועקט. ער ציטערט, וויל וואַרפן אַראָפּ פון זיך די שנייענע תּכריכים, און אויסברייטן נייַ־אויפגעבליטע צווייגן פאַר די געפליגלטע זינגער, וואָס קומען פון דער כּרעמד...
שיין איז דאָס האָפן; שיין איז די בשורה, וואָס טראָגט זיך אויף די לייכטע ווינט־פליגל, איבער טאָל און באַרג, איבער טייך און פעלד — — —

באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ יאָגן, רוישנדיק, קלינגענדיק, געשלענגל־טע, טיף־בלויע וואַסערלענטן צווישן ווייסע שנייענע פעלדער — — שפּיציק־גרינע, לעבנס־דאָרשטיקע קעפּלאַך קוקן שוין דאָ און דאָרט פון שניי אַרויס און פרעגן: ווען?...

י. ל. פּרץ.



# דער וועכטער.

עס שלייכט צו אַ שטאָט בייַנאַכט
די שווערד!
נאָר אויפן טורים דער וועכטער וואַכט:
ער הערט!

און בלאָזט טראָמפּייט
און שמעטערט מיט מאַכט.
עס ציטערט די נאַכט,
דאָס פאָלק דערוואַכט:
דער שונא גייט, דער שונא גייט!
און ס'פּלאַקערט אויף די שלאַכט

אין הויף, אין גאַס,
אויף מויער און וואַנט —
פאַר ווייב און קינד,
פאַר פאָלק און לאַנד!

פאַר רעכט און פריי גייט אַלץ אין קאַמף.
ווער זיגן וועט, דאָס ווייסט איין גאָט.
דער וועכטער האָט
דאָך זיינס געטאָן!
ער האָט זיין ערע נישט באַפלעקט,
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדינט זיין פאָלק, זיין לאַנד!

נאָר ווי דעם וועכטער, שפּאָט און שאַנד,
וואָס האָט בייַנאַכט
אַן אויג פאַרמאַכט
און דערוואַכט
ערשט אין דער בראַנד!

י. ל. פּ—ץ.

# פרילינג.

דו זעסט, די ערד האָט זיך באַפרייט
פון שלאָף – פון פראָסט און שניי!
דו זעסט, די ערד האָט זיך באַנייט
און לעבט און אָטעמט פריי!

ווי מיט דער שטאַר-פּאַרהאַסטער פעל
האָט לייכט געמאַכט אַן עק
דער בלויער טייך; און אויף דער שטעל
טרייבט ער אַליין זיין וועג!

אָפּגעשאָקלט האָט דער וואַלד
דעם שניי און בליט און שפּראָצט,
און אויך דאָס שוואַכסטע גרעזל שפּאַלט
זיין „אונטער-דר'ערד" און גלאָצט,

און זוכט די זון, די פרייע וועלט,
און ציט און זויגט זיין גליק!
און הערסט ווי איבער בערג און פעלד—
„ציריק!—ציריק!—ציריק!"...

י. ל. פּרץ.



דער פֿאַרלאַג „די נייע יידישע פֿאָלקסשול" האָט שוין ארויסגעגעבן פֿאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט)
(2 אויפלאַגעס) פֿון ש. באסטאמסקי.
2. אַריטמעטישער רעכנבוך (כ״ערד״ צאָל.)
(2 אוילאַגעס) פֿון ש. באסטאמסקי
3. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן)
(3 אויפלאַגעס) פֿון ש. באסטאמסקי און ל. הורוויץ מיט אַ ביילאַגע פֿון דער טערמינאָלאָגיע פֿון אריטמעטיק אויסגעאַרבעט פֿון אַ קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער־געזעלשאַט.

## ב) ביכער פֿאַר קינדער:

צונויפגעשטעלט פֿון ש. באסטאמסק.

פֿאַר יינגערע:
1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות. 3) מזל. 4) צוויי מתנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים און דער ווינט. 8) יינגל–צינגל. 9) דריי מענטשעלאַך אין וואַלד.

פֿאַר עלטערע:
1) פֿריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפֿונדיקן פּאָלוס. (רייך אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פֿון בדיקת חמץ.

## ג) מאַטעריאַל צום יידישן פֿאָלקלאָר:

1. יידישע פֿאָלקסמעשיות. (2 אויפלאַגעס)
געזאַמלט און דערקלערט פֿון ש. באסטאמסקי.
2. זאַמלונג פֿון יידישע שפּריכווערטער פֿאַר שול און פֿאַמיליע
צונויפגעשטעלט פֿון ש. באסטאמסקי

---

אינגיכן נייע אַרויס:

1. ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן — לעבעדיקע קלאַנגען
אַ רייך־אילוסטרירטער א״ב צונויפגעשטעלט לויט די נייסטע פֿאָדערונגען פֿון דער פּעדאַגאָגיק.
2. יידישע שפּריכווערטער און ווערטלאַך.
געזאַמלט און דערקלערט פֿון ש. באסטאמסקי.

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפּאַנאָס 24 קוו. 28.

אין ווילנע האבן אנגעהויבן צו ערשיינען:

# „לעבן"

העפטן פון צייט צו צייט

## פאר ליטעראטור, קונסט און פובליציסטיק

אונטער דער רעדאַקציע
פון משה שאליט

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אדרעס:
ווילנע, מאַקאַראָווער 12, וו. 24. מ. שאַליט.

Zbiorek literaturny

J. L. Perec.

---

Drukarnia Br. Rosental, Wilno, Rudnicka ul. 7.